קלמן פריעדמאַן.

# לעבענס־טענער

## ליעדער און געדיכטע.



ליטעראַרישער פערלאַג, ניו־יאָרק.
1916.

ערשטע אבטהיילונג.

# אין שטילקייט.

דונקעל לאנגע שאטענס.

---

דונקעל לאנגע שאטענס האבען זיך אין מיין שטיבעל אויסגעשפרייט
זיץ איך מיעד אין ווינקעל אויף א שטול פערקלערט.
ציטערען פון ווייטען ערגעץ שטילע טרויער פיאנא קלאנגען
ווערט דאס הארץ פון אומעט מיר אזוי בעשווערט.

לעהן איך אן דעם קאפ אויףביידע הענד אזוי זיך מיעדערהייט.
הער פערטרוימט זיך איינעט אין דעם פיאנא־קלאנג.
זינג איך נאך דאס טרויער ליעדעל מיט א שטילען אומעט ניגון
ווערט מיר אויפ'ן הארצען עפעס אזוי באנג.

הויב איך אויף זיך פון מיין ווינקעל. געה צום פענסטער צו פאמעלעך
קוקט מיך אן א נאכט א טיעפע שווארצערהייט.
ציטערען פון ווייטען ערגעץ שטילע טרויער פיאנא קלאנגען
אין מיין שטיבעל זיינען שאטענס אויסגעשפרייט.

## ברענט א פייער־זון אין פענסטער.

ברענט א פייער־זון אין פענסטער
און איך בין אין שטוב אליין.
דורך די שויבען גינגאלד פלאמען
גיסען זיך צו מיר אריין.

ווערט מיין טישעל גאלד בעפינקעלט
רויט בעפארבען מיינע הענד,
און א לאנגער פאס פון פלאמען
העל בעגליהט פון שטוב די ווענד.

זיץ איך שטיל, און לעז א ביכעל,
צינדט זיך אן א שורה וואו,
גיט א שפראץ א ים מיט פונקען
מאך איך מיער די אויגען צו.

גלעט די זון אזוי מיין פנים,
דעקט מיט ליכט און גאלד מיך צו, —
מיט א שמייכעל אויף די ליפען
שלאף איך איין אין זיסער רוה.

## זיצט מען אין ווינקלעך פערטראַכטע.

זיצט מען פערוקט אין די ווינקלעך פערטראַכטע
און יעדער ברומט אונטער אַ ליעדעל פאַר זיך.
איז פינסטער וויל קיינער די לאַמפּ ניט אנצינדען
אין שטילקייט ברומט יעדער אַ ליעדעל פאַר זיך.

ביים פענסטער וויגט אום זיך אַ שטן אַ מאַטער
און ציהט פון סטעליע אַראָפּ ביז די ערד,
וואַרפט ער ארום זיך אויף דונקעלע ווענטלעך
ווי אין אַ עניין אַ שווערען פערקלערט.

הערט זיך פון ווינקעל אַ גענעץ אַ פוילער,
עמיץ שטעלט אויף זיך פון זיצען אַ מיעדער
ציהט אויםביידע הענט אין דער לופט אומבעהאַלפען,
און זעצט זיך צוריק אינ׳ם ווינקעל אנידער.

פרעגט זיך אַ מיידעל ווי שפעט איז דער זייגער,
וואונדערט זיך יעדער צו וואס איז דאָס פרעגען?
און לאַנגזאַם אַ שטן אַ מאַטער פון ווינקעל
הויבט זיך פּאַמעלעך צום טיר צו בעוועגען.

מאַכט ווער די טיר אויף, צוגיסט זיך אַ ליכט־פּאַס,
הויבען אין שטוב זיך אַן פּייערלעך צינדען,
טהוט יעדער אַן זיך דעם הוט און דעם מאַנטעל
און ווערט אין די דונקעלע גאַסען פערשוואונדען.

## וואגזאל ליעדער.

### 1.

ברענען צוויי לאמטערען גרינע,
ווארפען שאטענס אין דער נאכט,
געהט ווער אום אויף דער פלאטפארמע
הין און צ׳ריק זיך פערטראכט.

זיצט א גוי אליין אין בודקע,
גענעצט הויך אזוי און ברייט, —
הילכט א פייף אויף אין דער שטילקייט
פון די פעלדער ערגעץ — ווייט.

צינדט זיך אן א רויטער פייער
אויף א סלופ וואו אין דער הויך,
שלענגעלט זיך א צוג פון ווייטען
און פערהילט די נאכט אין רויך.

ב.

שטעלט ווער אָפּ זיך מיט א פּעקעל
לעזט דאָס סטאַנציע שילדעל איבער,
שפּרייט זיך אויף זיין מיעדען פּנים
זים א שמייכעל אוים א ליעבער.

לויפט מיט פרייד איהם ווער אנטקעגען,
קושט, בעהאַרצט איהם אוים די גליעדער.
זיפצט פאַר זיך דער גוי אין בודקע,
אָט וואָס הייסט געטרייע ברידער.

און פון צוג ארויסגעבויגען,
אויסגעבלייכט פון וועג א מיעדער,
בענטשט ווער שטיל דאָס קליינע דערפעל
און פערבענקט זיך נאָך א ברידער.

## אין דרויסען גיסט א רעגען.

איך זיץ אליין אין צימער מיעד
אין דרויסען גיעסט א רעגען.
א שארפער בליץ בעגלאנצט מיט ליכט
די פוסטע נאסע וועגען.

איך שטעק ארויס דעם קאפ אין גאס
פון אומעט זיך בעפרייען,
און זעה וואו ס'בלאנזעט אום א מענש
און קארטשעט זיך אין דרייען.

פערמאך איך צוריק דעם פענסטער—שטיל
נעגרוילט פון נאסען רעגען,
און טראכט, ווער קען דאס זיין דער מענש
וואס בלאנזעט אויף די וועגען.

## אין אומעט.

גנעצאנקט האָט דאן לאנגזאם דאָס לעמפּעל אין צימער,
אין פינסטער געווען איז די נאכט,
און גרוים אזוי שרעקיג געווען איז דער שטן
וואָס האָט אויף דער וואנד זיך געמאכט.

און שטארק, אזוי ציטריג האָט ס'הארץ מיינס געקלאפּט דאן
פאר שרעק — מיינע אויגען געטרערהרט.
און כ'האָב אזוי הארציג צו גאָט דאן געבעטען
ס'זאָל ווערען די ליכט האָטש פערמעהרט.

נאָר שטארקער געצאנקט האָט דאָס לעמפּעל דאָס קליינע,
געוועקט נאָר די טויטקייט די שטילע,
און ס'האָט אויף דער וואנד זיך פערגרעסערט דער שטן
און שפּאָטיש געלאכט פון מיין תפלה.

אזוי האָב איך שלאָפלאָז פערברענגט אלע אין תפלות,
און ס'לעמפּעל — אין לעשען און צונדען,
און ס'האבען געוועקט זיך אין הארצען פון אומעט
די אלטע צואוועטאָגטע וואונדען.

## יאוש

א בוך מיט ליעדער דורכגעלעזען
און פערמאכט,
פון דער וואנד א בילד גענומען
און בעטראכט.

נאכדעם אויף א שטול געזעצט זיך
גלאט אזוי,
האט פון הארצען זיך געריסען —
אך און וועה.

האב איך שווייגענד אויסגעטון זיך
און געלעגט,
בלויז א שטן אויף דער וואנד זיך
האט געצייגט.

## מיין גאַנצער פערמעגען

מיין גאנצער פערמעגען א שטרויענער קוישעל
געפלאָכטען פון פּויער'שע הענד,
און עטליכע בילדער פון אלטע חברים
וואָס צירען פון שטיבעל די ווענד.

מיין וועלט איז א טישעל מיט ביכער בעוואָרפען,
מיין בעטעל — פון טרוימען דאָס לאנד.
די פריינד מיינע זיינען צוויי שטולען פערשטויבטע
פערוקט אין א ווינקעל ביים וואנד.

מיין גאָט איז א מיידעל מיט ליכטיגע אויגען,
מיין תפילה — פון ליעבע דאָס ליעד,
און ס'גליק מיינס — דער סוד פון די שטילע פארנאכטען
ווען זון־ליכט מיין שטיבעל בעגליהט.

## ווינטער לידער.

### א.

זיצען אלע שטיל אין שטיבעל,
יעדער אין זיין טרוים פערזונקען
קנאקט דאס האלץ אין אויבען פריילין
פליהען אום אין שטיבעל פונקען.

שיינט אין פענסטער העל א ווייסקייט
ווערט א וואנד מיט ליכט בעצויגען,
קוקען מיעד פון יעדען ווינקעל
אויף דער וואנד פערטרוימטע אויגען.

און ארום איז שטיל און רוהיג
יעדער איז אין טרוים פערזונקען,
ווייסע ליכט די װענד בעלייכטען
און פון אויבען פליהען פונקען.

ב.

קומט ווער אן פון גאס געפרווירען,
ס׳פנים פלאמט פון פראסט און ברענט
רייבט איהם איינער איין די אויערען
און א צווייטער הויכט די הענט.

און דער איינער וואס געקומען
קלאפט אהן אטהעם מיט די ציינער,
יאגט פון איהם א קעלט א שארפע,
קריכט צו יעדען אין די ביינער.

באפען אלע שטיל א ציטער
יעדער קארטשעט זיך צוזאמען.
און פון ווינקעל זינגט א ליעד־ווער
פון א יתום אהן א מאמען.

צווייטע אבטיילונג.

# ליעבע און היים.

## ווען זיצען א מיידעל.

---

ווען זיצען א מיידעל אליין אין א שטיבעל
און לעזען מיין ליעדעל פון ליעבע און גליק;
און שפיגלען ווען דאן זיך פערצווייפעלט א האפנונג
ביי איהר אין פער׳חלום׳טען צערטליכען בליק.

און זיין ווען דאס שטיבעל געהילט אין א שטילקייט,
וואס ווערט פון א הארציגער בענקשאפט געשפינט, —
דורך ליכטיגע טרוימען, און יוגענד פערלאנגען
פון עפעס א היימלאזעס עלענדעס קינד.

און לעזען דאס לידעל, ווען ס׳ליכטיגע מיידעל
דעם ריכטיגען זין פון די ווערטער פערשטעהן:
און טרוימענדיג שטיל פון דער הייליגער ליעבע.
פערקלעהרען דערביי זיך פון דיכטער אליין.

ווען שווייגענד זי זיצען, און איהר ווען זיך מאהלען,
ווי ערגעץ פערראיינזאמט, אין אומעט געהילט,
פערברענגט איצט דער דיכטער, און ליעדער פון בענקשאפט
אויף סטרונעס פון הארצען פעראומערט ער שפיעלט.

און עפּעס א מיידעל, א ליכטיגע, צארטע
מיט פלאמענדע בליקען בעצויבערט און שעהן:
בעזינגט ער אין הארציגע ליעדער, און בעט איהר
זי זאָל אין זיין שטיבעל אהין צו איהם געהן.

און מאָהלט אזוי שעהן אוים זיין אָרימעס שטיבעל
און שווערט איהר אויף אייביג צו ליעבען געטריי:
און זאָגט־צו בעקראנצען די לאקען, די שווארצע
מיט בלומען צובליהטע פון ליכטיגען מאי.

און זי הערט דאָס אללעס, און וויל זיך ניט גלויבען,
אז זי איז די מיידעל פול צויבער און חן:
און לעזענדיג, טרוימט זי פון גליק און פון ליעבע
און בלייבט ווי דער דיכטער פעראיינזאמט אליין.

## אונגעצונדען ס'חלב־ליכטעל.

אונגעצונדען ס'חלב־ליכטעל,
אויפ'ן טישעל עם געשטעלט.
האב איך אויפגעמישט דעם אלבום
פון מיין ליעבע יוגענד־וועלט.

יעדער בלעטעל לעז איך איבער,
אלטעם גליק איז דארט פערזיגעלט.
און אין יעדעןווארט א האפנונג
פון מיין יוגענד־וועלט זיך שפיעגעלט.

דא האט אסתר, ס'טרוימען קינד־מיינס
איהר'ס א שורה אויפגעשריבען.
ביסט אויף אייביג טיעף אין הארצען
מיין פערבענקטער טרוים געבליבען.

און א שורה פון א ווינקעל
שמייכעלט מיר אזוי אנטגעגען.
גליק און פרייד זאל דיך בעגלייטען
אויף די שווערע לעבענס־וועגען

שעהן די שריפט, די ווערטער פעריל
ס'האט עם איידעל אנגעשריבען —
ביסט מיין שעהנסטער, ביסט מיין ליעבסטער,
אייביג וועל איך טריי דיך ליעבען.

זיץ איך שטיל אזוי אין שטיבעל,
מיש דעם אלבום הין און צ׳ריק,
און ביים קליינעם חלב-ליכטעל
שימערט העל מיין אלטעם גליק

### פעריל־שניר

ציה איך אויף א שנור מיט פעריל
איינס ביי איינס אדורך געקליעבען,
אפשר וועט דאס זיין א סגולה,
ס'זאלען שעהנע מיידעלעך ליעבען.

טהו איך אן די שעהנסטע קליידער
געה אוועק אין ברייטע גאסען.
קוק אויף יעדע מיידעל־העלזעל
וועמען וועלען פעריל פאסען.

געהען מיידלעך צארט־פערטרוימטע,
הויבט דאס הארץ מיינס האסטיג שלאגען.
פעריל האב איך, מיידלאך — שעהנע,
וויל איך הויך, פאר אלע זאגען.

אבער כ'שעהם זיך פרעמדע מיידלעך.
בעסער אומגעהן שטיל און שווייגען
און פארנאכט די שעהנסטע מיידעל
אין א זייט די פעריל צייגען.

און איהר זאגען שטיל אין אויער:
טראג זיי קינד געזונדערטהייט דיר,
בלויז א ביסעל טרייע ליעבע
בעט איך פאר די פעריל־שניר.

### ניט זינקען פערצווייפעלט.

ס'וועט ניט זינקען פערצווייפעלט מיין קאָפּ אויף דער ברוסט דאַן
ווען דו וועסט ניט וועלען פערשטעהן מיך,
כ'וועל שוויינענד א קוק טהאָן אויף דיר און דיין פּנים
און לאָזען זיך געהן צו דער טיר גיך.

כ'וועל נעמען מיט זיך נאָר דיין ליכט פון די בליקען
וואָס דו וועסט א שטאָלצע מיר שענקען
און וועל עס בעהאלטען מיר טיעף אין מיין הארצען
אויף צייטען פון אומעט און בענקען.

און וואו כ'וועל אַן איינזאמער בלאָנדזען אין לעבען
פון עלענד געיאגט און געטריבען,
וועל איך אלץ געדענקען דיך הארציגע מיידעל
און אייביג דיך בענטשען און ליעבען.

## טהו אז דיין ווארעם מאנטעל קינד.

### א.

טהו אז דיין ווארעם מאנטעל, קינד
און קום אין פעלד שפאצירען.
אין רויש פון ווינד אין קלארען פראסט
א ליעבע לאמיר פירען.

ס'איז ליכטיג וויים דאס פעלד אזוי,
מיט זילבער שנעע בעשאטען.
און קיינעמס פוס האט היינט נאך ניט
דעם צארטען שנעע בעטראטען.

וועל איך דיך נעהמען ליעב ביים האנד
אין מיטען פעלד זיך שטעלען
און זאגען הויך פאר גאט און וועלט,
אז דו ביסט מיר געפעלען.

און שטארק אזוי דיך היים ציקושען
פריי פאר הימעל, פעלד און שנעע,
און א פריהלינג וועט אויפבליהען
אין פערליעבטע הערצער צוויי.

ב.

נעהען מיר אין גאסען ווייסע
גלאט אזוי זיך דורך שפאצירען,
זיינען פענסטער אייז פערפרוירען
און פערהאקטע אלע טירען.

לויפען מענשען איינגעהילטע,
ווי געיאגט פון ווסטע שרעקען
בלייבען איבער האלבע פוס־טריט
טיעף אין שנעע ווי לעבער שטעקען.

און מירביידע געהען רוהיג,
ווי א גאט׳ס געבענטשטער צווילינג.
פון די אויגען לייכטען טרוימען
און אין הארצען בליהט א פריהלינג.

## אין באָהן.

זיצען מיר אין באהן פערטראכטע,
ביידע פרעמד און אומבעקאנט;
איך א פעקעל האלט פערבונדען,
דו — א צארטע בלום אין האנד.

בלאָנדזען דיינע אויגען אָמעט
מיינע זוכען וואָס ארום,
דו בעטראכסט מיין אָרעם פעקעל,
איך — דיין צארטע לילען־בלום.

הויב איך אויף פערבענקט די אויגען,
קוקען דיינע מילד אויף מיר,
טראגט א ווינטעל דורכ'ן פענסטער
פון מיין הארץ א גרוס צו דיר.

שלענגעלט זיך א פריידען־שמייכעל
אויף די ליפען דיינע זיס,
דורך די בליקען ענטפערסט דו מיר
א פערשעמטע אויף מיין גרוס.

## זאָל וויסען די וועלט.

איך קען שוין ניט האלטען דעם סוד מעהר פון ליעבע
אין הארצען דערשטיקט.
איך קען שוין ניט לאזען מיין יוגענד מעהר וועלקען,
חאָטש ליעבע בעגליקט.

כ׳האָב תפלות צו גאָט שוין ניט איינמאָל געבעטען
ס׳הארץ דיינס זאָל פיהלען.
מיין וועהטאָג פון ליעבע און זאָלסט פאר רחמנות
די ליידען מיר שטילען.

נאָר הויך איז געוועזען דער הימעל, ס׳זאָל קענען
מיין תפלה דערגרייכ׳ן,
און דו האָסט, געליעבטע, געלאכט פון מיין ליעבע
און אלץ פון מיר וויכ׳ן.

האָב איך זיי געטראגען די ליידען אין הארצען
און שטיל נאָר געקלאָגט,
און אלץ דיר געשאנקען, די טרעהרען, די ליעדער,
וואָס כ׳האָב נאָך פערמאָגט.

נאָר דו ביזט געוועזען א מיידעל א שלעכטע
און קיינמאָל געארט.
האָט דיך מיינע ליידען — און ס׳הארץ מיינס האָט אלץ זיך
מיט האָפנונג גענארט.

איצט קען איך ניט האלטען דעם סוד מעהר פון ליעבע
אין הארצען דערשטיקט,
זאל וויסען די וועלט ווי עס מאטערט א הארץ זיך
חאטש ליעבע בעגליקט !?

בלומען האב איך פיעל גענומען.

בלומען האב איך פיעל גענומען,
אין א שעהנעם קראנץ פערפלאכטען
האט זיך מיר דאן אויסגעדאכטען
אז דו ביזט צו מיר געקומען.

כ'האב געשטעלט זיי אויפ'ן פענסטער
און מיט וואסער פריש בעגאסען,
האט אין שטילקייט ווער געפלאסען
כ'בין דיין ליעבסטער כ'בין דיין שענסטער

און פון בענקשאפט וועה בעצוואונגען,
האב איך ס'בילד דיינס לאנג געהאלטען
און א ניגון דיינס אן אלטען,
אין דער שטילקייט אויסגעזונגען.

## ס'איז טיעף דיין בליק מיין קינד.

ס'איז טיעף דיין בליק, מיין ליעבעס קיד,
די לאָקען דיינע שווארץ.
א פונק פון דיינע אויגען בלויז
פער'שרפה'ט מיר מיין הארץ.

און זיס דיין שמייכעל, הארציג קינד,
מיט פרישקייט פול דיין בליק.
דיין הארץ א שלאָס, פערריגעלט פעסט,
וואו ס'ליגט מיין ליכטיג גליק.

נאָר ס'איז בעוואכט דער שלאָס, מיין קינד,
דיין שטאָלץ די פעסטע צוים.
דאָס גליק וואָס ליגט בעהאַלטען דאָרט
בלויז זעה איך נאָר אין טרוים.

* * *

כ'האָב איינמאָל אנקעגען דער זון־ליכט געשטעלט זיך,
כ'האָב זעהען געוואָלט ווי עס ברענט,
נאָר ס'האָבען די שטראַהלען ווי שפּיזען געשטאָכען
און האָבען די אויגען פערבלענט.

כ'האָב איינמאָל אנטקעגען דיין פּנים געשטעלט זיך
כ'האָב זעהען געוואָלט ווי עס לייכט,
נאָר ס'האָבען די בליקען מיט פונקען געשאָסען —
האָב איך מיט דער זון דיך פערגלייכט.

## א יונגעלס־תפלה (א מעשה'לע).

ס'האט א יונגעל שטיל געבעטען,
גאָט זאָל זיינע תפלות הערען.
אין א גאָרטען זאָל פערוואנדעלט
ס'אָרעם הויז פון יונגעל ווערען.

בלומען, ראָזען, און נארציסען
זילבער ריינע וואסער־קוואלען,
זאָלען פליסען אין דעם גארטען
העל בעגלאנצט פון זונען שטראהל.

און געזאנג פון פויגעל ליעדער,
זאָל אין יעדען מאָרגען קלינגען,
ווען דער מזרח גרייט זיך ס'לעבען
פון א נייעם טאָג צו ברינגען.

ס'זאָל דאן יעדען טאָג אין זון־גלאנץ,
בלומען־מיידלעך זיך פערהילען,
און צוגאסט אין גאָרטען קומען,
ליעבע, ריינע דאָרט זיך שפּיעלען.

צארט זאָל גלעטען איינערס בליקען,
גליקען, פריידען, שטיל צו זאָגען...
און אין הארצען טיעף פערבאָרגען,
זאָל זי הייסע ליעבע טראָגען.

וועט ער ווען פון סודות טראכטען,
און א ליעד פון בענקשאפט שפינען
דאמאָלט זאָל ער, טרוימען ריינע
אין דער ערשטער׳ס בליק געפינען.

און זאָל דאן ווי גאָט אין הימעל
אין די טיעפע בליקען שוועבען,
פאר די ליכטיג שעהנע מיידעל
תפלות ריינע אויסצואוועבען.

— — —

וועט זיין הארץ ווען רעש אויפברויזען
שטארקער ס׳בלוט וועט זיך צורינען,
זאָל ער אין דער צווייטערס בליקען
ס׳קוואל פון יוגענד לוסט געפינען.

פון די ווייכע, צארטע אָרעמס
זאָל ער וועבען זיסע קושען
און דער פלאם פון פייער אויגען
זאָל מיט האָפנונג ס׳הארץ דערפרישען.

און מיט פרייד און לוסט געזאנגען
וועט ער ס׳לעבען דאן בעגריסען.
היים און דאָרשטיג אלע פריידען
פון דעם יוגענד קוואל געניסען.

— — —

האָט אין הימעל, גאָט די תּפלות
אויסגעהערט דורך האַרץ געזאַנגען
און בעשלאָסען צו ערפילען
יונגעל'ס טרוימען און פערלאַנגען.

ס'האָט פערוואַנדעלט אין אַ גאָרטען
זיך זיין אָרעם הויז דאָס קליינע.
דורכ'ן גאָרטען שטיל געפלאָסען
איז אַ טייכעלע אַ ריינע.

בלומען, ראָזען, און נאַרציסען
האָבען אַלץ געקוויקט מיט דופטען.
און די זיסע פויגעל ליעדער
האָבען אָבגעהילכט אין לופטען.

און ווען ס'האָט די זון צוצונדען
שטראַהלען בלאַנקע ווי די שפּיזען.
האָבען מיידלעך צוויי געליעבטע
אין דעם גאָרטען זיך בעוויזען.

שטעהט דער יונגעל, טרוימט פון ליעבע
טרעפט צונויף זיך מיט די בליקען
פון די ליכטיג שעהנע מיידעל
און דערזעהט אַ וועלט מיט גליקען.

ציהט ער אוים פערבענקט די אָרעמס,
ס'ליכטיג גליק זיינס צו עמפּפאנגען,
איז די צווייטע פלאם און פייער,
איהם אנטקעגען אויך געגאנגען.

שטעהט דער יונגעל קוקט אויף ביידען,
וויל דאָס פייער מיידעל נעהמען,
ווערט די צווייטע בלאס און טרויריג —
הויבט דאָס יונגעל הארץ אָן קלעמען.

זינקט זיין קאָפּ אראָב פערזאומערט —
און זיין טרוים דער לאנג בעגעהרטער,
איז דורך מיידלעך צוויי געליעבטע
איהם געוואָרען א צושטערטער.

## עס ליגען די בריעף דיינע.

עס ליגען די בריעף דיינע ליעבסטע צואווארפען,
און נעבען זיי ס'בילד דיינס פון יוגענד און גליק.
אין גאלדענע שטראהלען פון ליכטיגען מארגען
פערבלענדען מיט זון-ליכט דיין פנים און בליק.

און איך זיץ ביים טישעל, דעם קאפּ האלב-געבויגען,
מיך פרייט ניט די שטראהלען דער גלאנץ און דאס ליכט,
א נאגענדער אומעט נאר דריקט מיך פון הארצען
און מאהנט שטיל פון ליעבע די היילינע פליכט.

איך קוק און מיר דאכט זיך, איך זעה דיינע אויגען
מיט זודיגע טרעהרען זיי זיינען פערפילט,
ווי זיי וואלטען בעטען מיט פארוואורף א חשבון,
פארוואס כ'האב א יוגענד אין לייכטזין פערשפּילט.

פארוואס כ'האב די ליכטיגע טעג פון דיין לעבען,
וואס זיינען מיט האפנונג געוועזען בעגייט,
בעטריבט און פערפינסטערט איז נאר דיך פערלאזען
און שטיל אהן א קוש זיך פער'ברוגז'ט צושיידט.

און שטיל, דאכט זיך, הער איך: דו פרעגסט מיך פארוואס כ'האב
מיין ליעבע וואס איך האב פאר דיר נאר געשפּינט,
פערביטען — און ליעב גאר אן אנדער מיידעל
און זינג איהר די ליעדער פון ליעבע אצינד.

דאָך טרוי ניט געליעבטע דיין עלענדעס הארץ איצט.
ס'איז צופיעל פון בענקשאפט צובראכען — ס'זאל גלויבען—
אז שטארקער, געטרייער פון טויזענדער ליעבעס
וועט אלע מאָל, קינד מיינס, די ערשטע פערבלייבען.

פאָלק'ס־מאָטיוו.

———

אויגען פייער פלאמיגע
און א פנים ליכטיג־שעהן.
גריבלעך אין די בעקעלאך
פול מיט טויזענט חן.

און אַ פיגורל אַ שלאַנקס
ווי א יונגער סאַסנע־בוים —
שוועבט א דורך דאָס געסעלע
ריהרט די שטיינדעלעך עס קוים.

און אַ קולכ'ל אַ זיס
ווי א גלעקעלע עס קלינגט,
שטילע בלייבען פויגעלעך
ווען איהר ליעדעלע זי זינגט.

און אז ס'זעהט א יונגעלע
די לאָקען ווען זי קעמט,
ווערט ביי איהם דאָס הערצעלע
פערצאפעלט און פערקלעמט.

## ביים אָפענעם פענסטער.

ביים אָפענעם פענסטער אין שווייגען פערזונקען,
בין איך דאן אין שטילקייט פער'חלום'ט געזעסען,
און האָב אין פער'כישופ'טען אווענד געוועבט זיך
א טרוים פון א ליכטיגער מיידעל פּרינצעסין.

אַנטגעגען מיין בליק האָט געשפּרייט זיך א גארטען
אין זילבערנעם שיין פון לבנה פערטרונקען,
אין צוויבער פון שטראהלען מיין מיידעל פּרינצעסען
געזעסען ווי איך איז אין חלום פערזונקען.

און האָט א פערבענקטע געקוקט אין דער ווייטקייט
דעם פּרינץ פון די טרוימען געזוכט צו געפינען —
און ס'האָט זיך אין שטילקייט א הייליגע ליעבע
צווישען א פּרינץ און פּרינצעסען געשפּונען.

## א זומער נאכט.

ס'האט עמיץ אין גארטען א בלימעל פערפלאנצט
און ס'האט זיך צובליהט.
צוויי שמעטערלינגס האבען אין זאנפטיגע־בלעטלעך
א ליעבע געשפילט.

און ווען ס'האט דער ליכטיגער מארגען די בלעטלעך
מיט טהויקייט דערפרישט.
צוויי שמעטערליגס יונגע דאן האבען אין זון־שיין
זיך ליעבליך געקושט.

און איך בין געשטאנען די הענד פאר די אויגען —
די זון־ליכט פערשטעלט;
אין הארצען געבענטשט שטיל די הייליגע ליעבע,
וואס שפינט זיך אין פעלד.

## עס האָבען צוויי מיידלאַך.

עס האָבען צוויי מיידלעך דאָס הארץ מיינס געפאנגען
און כ'וויים ניט צו וועלכע זאָל איך איצט געהערען.
ביי איינע, די אויגען, ווי פייער זיי ברענען,
דערפאר איז דער צווייטערס ווי ליכטיגע שטערען.

אין לאקען האָט איינע אויף וואונדער נאָר ווייזען
און שטאָלץ איז דער בליק איהר'ס צו קוקען נאָר שעהן,
דערפאר האָט די צווייטע א פיגור א שלאנקען
און שעהנער פון פעריל — די רייהען מיט ציין.

און כ'בין יעצט ווי יענער בן מלך אין פאלאץ
איך האָב אלץ וואָס ס'קען נאָר דאָס הארץ מיינס פערלאנגען.
און דאָך בין איך טרויעריג, ווייל שווערליך איז בלייבען
אפילו ביי געטינס פון ליעבע געפאנגען.

* * *

ראָזע בויגעלעך פאפיר
האָב איך איינגעקויפט א סך,
כ'האָב, מיין קינד, בעשריבען דיר
כ'ליעב דיך אין א „בלומען־שפראך“.

נאָר די בלומען־שפראך פערבליבען
ניט פערשטענדליך איז פאר דיר
און ענטדעקט דעם סוד פון לעבען
האָט דאָס ראָזאווע פאפיער.

*   *   *

א זומער נאכט א ליכטיגע
מיט שטראהלען איז געצירט,
דער וועג מיר דורכ׳ן שטעטעלע
צום וועלדעלע וואס פיהרט.

און ס׳זינגען שעהן די פויגעלעך
די לופט אין הארץ זיי וועקען,
און בליהענד ראזע בלימעלעך
דופטען זיס און שמעקען.

און איך געה אום א שטאַלצינקע,
געהויבען הויך מיין קעפעל,
ריים אוים פיעל ראַזע בלימעלעך
און פלעכט זיי מיר אין צעפעל.

און אויבען איז אַ ליכטיגער
דער הימעל פול מיט גלאנץ,
און וועקט דאַם קליינע טייבעלע
דורך שטראהלען אויף צום טאנץ.

און שטילערהייט אין בלומען דופט —
פויגעל׳ם לופט געזאנגען,
וועב איך אוים מיין נעץ פון ליעבע
יונגעלעך צו פאַנגען.

## אין גאָרטען.

כ'האָב זיך געזעצט אויף א באנק אינ'ם גארטען
און האָב א פערבענקטער געטראכט וועגען דיר
א ראָזעווע בלימעל, אליין אויף א שטענגעל,
געקוקט א פערטרוימטע האָט צערטליך אויף מיר.

א ראָזעווע בלימעל אין טהויאיגע פרישקייט
אזוי ווי ביי דיר אויפ'ן פנים דער חן,
ווען ס'האָט אויף די פורפורנע ליפען צושפילט זיך
דיין שמייכעל דער זיסער, פון פרייד קוואל אליין.

און שטיל איז געוועזען ס'איז קיינער געגאנגען,
די זון נאָר געקומען מיט שטראהלען בעצירט
און האָט אין דער שטילקייט א זוניגע ליעבע
אליין מיט דעם ראָזעווען בלימעל פערפיהרט.

געקושט ליעב די זיידענע בלעטלעך פון בלימעל,
מיט ליעבע געניי‌גט זיך פאר איהר אויפ'ן זאנד
און באלד האָט די זון מיט'ן בליהענדען בלימעל,
געקושט און געצערטעלט זיךביידע באנאנד.

און איך בין געזעסען אליין א פערטרוימטער
און שטיל א פערבענקטער געטראכט וועגען דיר,
א ראָזעווע בלימעל אין טהויאיגע פרישקייט
געקוקט א פערליעבטע האָט צערטליך אויף מיר.

* * *

גענומען מיין בליהענדע יוגענד
מיט ציטריגע פרייד זיך צום קוויקען
מיין הארץ איז געוועזען דיין טרוים קוואל
און זון־ליכט ביי מיר אין די בליקען.

האָסטו מיינע זיידענע לאָקען
צו קיהלען דיין בענקשאפט גענומען.
געוועזען איז מיין צערטליכער פּנים
דיר צארטער פון שמעקענדע בלומען.

און איך האָב מיין הארץ מיין נשמה,
מיט פרייד דיר געטראָגען אנטקעגען
מיט ברכה בעגלייט האָט דיך שטענדיג
אויף פרעמדע פערדערנערטע וועגען.

און איך האָב בלויז ליעבע געבעטען
מיין בענקשאפט אין הארצען צו שטילען.
און דו האָסט מיין יוגענד, מיין האָפנונג
גענומען זיך בלויז נור צום שפּיעלען.

## איך האָב דיר געשאָנקען.

איך האָב דיר געשאָנקען מיין הארץ, מיין נשמה,
מיין לעבען צו דיר האָט בעלאנגט,
פאר דיינעם א בליק פון די ליכטיגע אויגען
האָב איך דיר מיט ליעדער בעדאנקט.

און ווען ס'האָט א שמייכעל בע'חנ'ט דיינע ליפּען,
האָט ס'הארץ מיינס דערפיהלט באלד די פרייד.
און ס'האָט זיך מיין לעבען דאָס עלענדע, וויסטע
מיט האָפנונג דערפרישט און בענייט.

האָב איך דורך געזאנגען מיין הארציגע בענקשאפט
פאר דיר מיין געליעבטע פערטרויט,
און האָב פאר די ליעבע וואָס דו וועסט מיר שענקען
א גליקליכע וועלט זיך געבויט.

און וואו נאָר א טרוים האָט בעלויכטען מיין לעבען
א הארצענס בעגעהר האָט געגליהט,
האָב איך ווי אן אוצר פאר דיר עס בעהאלטען
פון ליעבע בעוואכט און בעהיט.

און האָב איך אין שלאָפלאָזע נעכט זיך פון האָפנונג
א גליקליכע צוקונפט געוועבט,
האָסטו ווי א מלאך וואָס ברענגט מיר די גליקען
אויף פליגעל פון ליעבע געשוועבט.

און ליעב אזוי הארציג האָב איך דיך געבענטשט דאַן,
גליק דיר געוואונשען אין לעבען.
חאָטש ס'הארץ האָט געפיהלט אז דיין ליעבע די טרייע
האָסטו א צווייטען געגעבען.

פאָלקס-טאָן.

---

אויף דעם פּנים צארטע בלאסקייט
און די בליקען טרוימען שוועבען
פּורפּור ליפּען, צייגער פּערל
ס'איז די שעהנסטע בלום פון לעבען.

סאמעט לאָקען, פּאַלמען-שלאנקייט
און דער גאנג ווי פויגעל שוועבען.
הימעל טיעפקייט אין די אויגען
ס'איז די שעהנסטע בלום פון לעבען.

און דאָס קולכ'ל זיס און ליעבלעך,
ס'שעהנסטע ליעד נאָר אויסצואוועבען
מאָרגען פרישקייט טיעף אין הארצען,
ס'איז די שעהנסטע בלום פון לעבען.

## ערגעץ ווייט דאָרט.

ערגעץ ווייט דאָרט אין א שטעטעל
פון מיין אלטע ליעבע היים,
זיצט א מיידעל, וועבט זיך טרוימען
פאר א אינגעל אין געהיים.

פאר א אינגעל אין דער פרעמד־וואו
ווייט פערוואָרפען פון זיין לאנד
וואָס איז שטענדיג טאָג און נאכט אלץ
אין דעם לעבענס יאָך געשפאנט.

רייסט זי אויס די שענסטע בלומען
העל בעשטראהלטע פון דער זון,
צערטעלט זיי מיט הייסע ליעבע
שיקט אין בריעף זיי איהם אהין.

לעזט דער יונגעל דורך די בריוועלעך,
קושט די בלומען אויס פאר פרייד,
און בעוויינט די טרייע ליעבע,
וואָס דער לעבען האָט צושיידט.

## אַ פריהמאָרגען.

שלענגעלט אַ וועג זיך דורך גרינינקע פעלדער
און ווערט אין דער ווייטקייט פון שטעטעל פערלוירען.
יעדען פריה מארגען מיט מילך און מיט פוטער
ציהען פון דאָרף זיך פערשלאָפענע פויערען.

געהט זיי די זון נאָך אין בלאַהליכען הימעל
מיט ראזאווע פלעקען בעצירט און בעהאנגען.
וועקט אויף פון נאכטיגען דרימעל, מיט העלקייט
צום ליכטיגען מארגען די גראזען און זאנגען.

ווייזט זיך אַ האָן ביי אַ טיר פון אַ הויז וואו,
הויבט אָן אַ שטאָלצער אין לופטען צו קרעהען.
ס'קריפּעט אַ טיר וואו און ס'הויבט זיך באלד אָנעט
אַ מיל־ראָד אין לופטען מיט אימפעט צו דרעהען.

שטעהט אויף אַ דעכעל צושראָקען אַ קעצעל,
קוקט אויף איהר שווייגענד אַ הינטעל דערצארענט,
שפּרייזט אין די זאמדען אַ פערדעל, געבונדען
מיט שטריק ביידע פיס פון צום לויפען בעווארענט.

און ערגעץ פון ווייטען אַ גלאָק פון אַ קלויסטער
שלאָגט אזוי פויל און פאַמעלעך די קלאנגען, —
איבער די וועגען בעצייילעמטע פויערען
זינגען פערשלאָפענע תפלה געזאנגען.

## עס שטעהען די הייזלאך.

עס שטעהען די קליינינקע אָרימע הייזלעך
ביי זאמדיגע וועגען, פערלאָזען, געבויגען :
און ס'גלאנצט אין די שויבען א זון א צופלאממע,
און בלענדט מיט די גאָלדענע שטראהלען די אויגען

און ס'שטעהען די ביימער פער'חלום'ט אין וועלדעל
געהילט אין א הייליג פארנאָכטיגען שווייגען,
און שפּיגלען און דונקלען וואסער פון טייכעל
די פולע מיט בלעטער בעוואקסענע צווייגען.

און איבער די וועגען זיך ציהען פון פּאשע
די טשעררעס שאָף מיט רעש און געטומעל
און בויגען אַן מיעדע די קעפּ פאר'ן פייער
וואָס ברענט און פער'שרפט דעם דונקעלען הימעל.

און לאנגזאם פערהילט זיך דאָס שטעדטעל אין שאָטענס
אין פלאמיגען פייער דער טאָג ווערט פערגאנגען
און איבער'ן שטעטעל צוטראָגען באלד האסטיג
דעם אָנזאָג פון שטאָרבען די קלויסטער־געזאנגען.

### בענק'אפּט.

מאַמע ליעבע, טרייע, מאַמע
שיקסט אַלץ טרייסט־בריעף מיר אַהער.
דאָך איך פיהל אין יעדען בריוועל
שיקסט דו מיט אַ הייסע טרעהר.

כ'לעז, די ווערטער — עפּעס בלאַסליך,
ווי פון טרעהרען אָבגעשווענקט.
כ'פיהל דאָ מאַמע ווי דיין האַרץ דיר
נאָך דיין עלענד קינד עס בענקט.

זיץ איך דאָ ביי מיר אין שטיבעל,
פיהל דיין שווערען וועה און פּיין.
און נים איין מאָל מאַמע טרייע
זיץ איך שעה'ן לאַנג און וויין.

## געדענקסטו מיין חבר.

געדענקסטו מיין חבר דאָס שטעדטעל דאָס קליינע
אין וועלכען מיר זענען געוואָרען ערצויגען
די פעלדער, די וועלדער, די לאָנקעס די גרינע
די הייזלעך וואָס שטעהען גאַנץ־ניעדריג געבויגען

געדענקסט דו דאָס טייכעל אין וועלכען ניט איינמאָל
מיר האָבען אין היץ זיך דערקוויקט און דערפרישט,
און פיל מאָל מיר פלעגען נאָר קוקען און שווייגען
ווען ס'האָט זיך דער הימעל מיט וואסער געקושט

און אויכעט די זון יענע ליכטיגע העלע
וואָס האָט אונזער שטעטעל בעשטראהלט און בעגלאַנצט
געדענקסט נאָך ווי ס'האָבען די גאָלדענע שטראהלען
אין הארצען אונזביידען די טרוימען געפלאַנצט.

געדענקסט דו, די מיידלאך פון שטעדטעל מיין חבר
וואָס פלעגען דערזעהן אונז פערשעהמטע פערשוואונדען,
און האָבען פון ווייטען דורך פלאַמיגע בליקען
א פייער פון ליעבע אין הארץ אונז געצינדען,

דערמאָנסט דו אמאָל זיך מיין חבר אין פרעמד דאָ,
ווען יאָגסט זיך פערהאָוועט נאָך לעבען און גליק,
און בענקסט אויך ווי איך איצט נאָך יאָהרען פון יוגענד
וואָס וועלען שוין קיינמאָל ניט קומען צוריק.

## פארנאַכט.

דער הימעל פון אויבען א מיעדער און בלאסער,
פערמאטערט פון היץ וואָס די זון האָט צוגליהט,
האָט שטיל, און פער'חלמ'ט אין ים זיך געשפיעגעלט
און צארט מיט די וועלען, אין טענץ זיך געשפיעלט

און ערגעץ פון ווייטען, קוים ס'אויג קען דערגרייכען
וואו הימעל און וואסער גיסט אויף זיך צוזאמען,
צינט אָן זיך א פייער פון רויטליכע שטראהלען
און ס'פלאקערט באלד אויף דאָרט דער הימעל אין פלאמען.

און לאנגזאם באלד הויבט זיך דאָס וואסער אָן דונקלען,
דער הימעל צו ביסלעך ווערט חשך און שווארץ,
און שטיל נור צווישען דעם הימעל און וואסער
זיך מאָטערט אין בענקשאפט אַן עלענדעם הארץ.

## זומער־נאַכט.

געוועזען די נאכט איז א שטילע,
אלץ איז פערזונקען אין דרימעל,
עס האָבען נאָר שטערען בעלויכטען
דעם טיעפען פערדונקעלטען הימעל.

און ערגעץ פון ווייט האָט געהערט זיך
אַן אומעטיג בענקשאפט געזאנג,

און טיעף האט אין הארצען געענטפערט
פון ליעבע א צארטער פערלאנג.

און באלד האט א טרוים זיך א העלער
געוועבט פון דעם הארצענס פערלאנג,
און שטיל האט א מענשליכע האפנונג
בעגלייט דאס פערבענקטע געזאנג.

## פריהלינג.

כ'וויל בליהען צוזאמען מיט בלומען און ראזען :
צוזאמען מיט זיי פון דעם פריהלינג געניסען.
ווי זיי, זאל די זון מיך מיט שטראהלען בעשענקען
און שטירמיש, ווי חוואלעס, זאל ס'לעבען מיין פליסען.

צוזאמען זאל הילכען מיט פויגעל געזאנגען
דאס ליעד מיינס, פון ליכטיגע שטראהלען געוועבט,
און וואו נאר ס'געפינט זיך א הארץ, א פערשמאכטעס
זאל ווערען דורך ליעדער צוריק אויפגעלעבט.

און קלינגען און שאלען דאס ליעד זאל פון פריהלינג
מיט ריחות פון בלומען — די לופט זאל פערשמעקען
און אלעס, וואס ס'איז נאר פון ווינטער פערמאטערט
זאל פריהלינג און בליהונג צום לעבען אויפוועקען.

דריטע אבטהיילונג.

# אַרבייט און פרייהייט.

דיכטער און מוזע.

---

פון פויגעל יעצט הער איך פיעל פריהלינגס געזאנגען
דער הימעל פערפלייצט איז מיט ליכט,
פארוואָסזשע אך מוזע, פון טרויער נאָר אין וועהטאָג
וועבסטו איצט מיין פריהלינגס־געדיכט ?

איך זעה איצט פיעל בלומען בעציערען די גערטנער
די פעלדער — בעבליהט און בעגרינט,
אך זאָג זשע מיר, מוזע, פארוואָס איצט פון ליידען
ווערט ס'ליעד מיינס פון „פריהלינג" געשפינט ?

איך זעה ווי בעקליידט ס'האָט דער וואלד זיך מיט בלעטער,
דאָס טייבעל ערוואכט מיט א טאַנץ.
פארוואָס זשע ניט זינגען א מאָל כאָטש, אך מוזע,
אמאָל כאָטש פון בלומען און גלאנץ ?

— — —

די בלומען, דיר ווילט זיך בעזונגען, מיין ליעבסטער?
דעם פריהלינג זיין גלאנץ און זיין פראכט?
אך ווער זשע בעזינגען וועט לעבענס פערוועלקטע,
וואס זענען פון הונגער פערשמאכט?

די פעלדער, די וועלדער דיר ווילט זיך בעשאלען
ווי פויגעל מיט פריהליגס געזאנגען?
אך ווער זשע בעזינגען וועט עלענדע לעבענס
אין הארצענס דערשטיקטע, פערלאנגען?

ניין, כ'קען ניט ערפילען, אך ארבייטער דיכטער
דיין איצטיגען הארצענס פערלאנג.
ווייל ס'מוזען די ליידען פון ארבייטער־לעבען
אויך ציערען דיין פריהלינגס געזאנג.

* * *

כ'האב פעריל פון פאלק'ס הארץ געקליעבען,
און האב זיי אין ליעדער געפאסט,
פאר א קרוין אויף א קאפ פון א מלך
זיי וואלטען צום ציערען געפאסט.

און ס'וואלט דאן דער מלך געפיהלט, אז —
פון פאלק איז געשאפען זיין קרוין,
און ליעבען דאס פאלק, און עס אכטען
וואלט זיין פאר'ן דיכטער דער לוין.

## עס האָבען ניט בלומען.

עס האָבען ניט בלומען בעוואקסען מיין הייג מיר
ווען כ'האָב זיך אין לעבען געלאָזט.
עס האָט גאָר א גלויבען געברענט אין מיין הארצען
וואָס האָט מיך ניט קיין מאָל פערלאָזט.

און וואו נאָר עס האָט מיך דער לעבען געטריבען
האָט אלץ מיך דער גלויבען בעגלייט.
און בין איך געוואָרען פון וואָגלען פערמאטערט
האָט ער מיר די כחות בענייט.

און העל האָט געוועבט מיר דער גלויבען א צוקונפט
אזוי ווי מיין הארץ האָט בעגעהרט ;
די טרוימען די שעהנסטע פון ראשיגען לעבען
צו מיר האָבען אלע געהערט.

איצט געה איך אין לעבען א מונטערער, שטאָלצער
מיט פרייד איז בעשטראהלט מיר מיין בליק
און ס'ווייזט מיר דער גלויבען אלץ ווייטער די וועגען
וואָס פיהרען צו פרייהייט און גליק.

## אין נויט.

בלומען וואקסען פיעל אין גארטען
זונען שטראהלען זיי בעגלאנצען,
דיינע שווארצע סאמעט לאקען,
וואלט איך קינד מיט זיי בעקראנצען.

כ'וויים ווי שטארק עס בענקט דיין הארץ דיר
נאך די שעהנע פריהלינגס קוויטען :
נאר דיין יונגעס לעבען קינד מיינס
איז געשמידט אין שקלאפען קייטען.

יעדען מארגען, ווען די שטראהלען
גיסען זיך פון ליכט פאנטאנען,
לויפסטו דאן אוועק א מיעדע
אין דעם לעבענס יאך זיך שפאנען.

זעצט אוועק זיך שטיל, בעשיידען
ביי דער ארבייט, איינגעבויגען :
און עס פינקעלט טיעף א בענקשאפט
העל ארוים דיר פון די אויגען.

זיצסטו שטיל, און די מאשינען
רוישען, קלאפען אין דער לופטען :
טרוימסט : עס בליהען ערגעץ בלומען
און פערשפרייטען זיסע דופטען.

און די פעלדער גרין בעוואקסען
טונקען זיך אין זונען שטראהלען
ס'האט פון גליק און פריהלינגס טרוימען
גאט געעפענט אלע קוואלען.

און זיי וועקען אויף צום לעבען
ברענגען יוגענד'ס ליעבע גריסען ;
רופען ציהען אין די פעלדער
פון דעם פריהלינג צו געניסען.

נאר דו, קינד, ביזט ארים עלענד,
ס'האלט די נויט דיך פעסט געפאנגען,
און דערשטיקט אין הארץ דיר גלויבען
אלע טרוימען און פערלאנגען.

## פרייהייט.

א.

ס'ציהט אהין זיך מיין נשמה
וואו די בלומען אייביג בליהען ;
און פון בליהונג וועל איך וועבען
נייע פרייהייטס מעלאָדיען.

וואו עס בלענדט די זון מיט העלקייט
און מיט לוסט איז פול דאָס לעבען :
וועל איך דאָרט פון זונען־שטראהלען
מיר מיין פרייהייטס ליעד אויסוועבען.

פרעהליך מונטער, פול מיט האָפנונג
וועט מיין פרייהייטס־ליעד דאן שאלען,
און עס וועלען פון איהם פליסען
פרישע זיסע לעבענס קוואלען.

ב.

א ליכטיגער טרוים און א פרייהייטס בעגעהר
איז ברוסט האָט געגליהט;
און ס'האָט זיך א ליעד דאָן פון גליק און פון ליעבע
אין הארצען געשמידט.

און ליכטיג געוואָרען דער בליק אין דער מיעדער
מיט האָפנונג בעשטראהלט
און ס'האָט מיט געזאנגען, פון פויגעל, דאָס ליעדעל
אין לופטען געשאַלט.

און טיעף האָבען הערצער פערנומען די קלאַנגען
פון ליעדער געזאַנג;
און ס'האָט זיך געוועבט דאָן פון ליכטיגע טרוימען
א פרייהייטס פערלאַנג.

און באַלד האָט די יוגענד געשטעלט זיך אין רייהען
פון אומעט בעפרייט;
און ס'האָט זיך דאָס לעבען פון ארבייטער קינדער
מיט האָפנונג בעגייט.

## מיין לעבען.

וויפיעל וואונשען ניט ערפילטע
וויפיעל ליעבעס שוין פערשפיעלטע
נעכט אין אומעט בלויז פערברענגטע
טעג נאך שענקייט אויסגעבענקטע
כ'האב אין לעבען שוין בעקלאגט
ווען איך דאך מיר נייע גליקען
ס'עלענד הארץ מיט זיי דערקוויקען
ווי אמאל אין יוגענד צייטען
ווען מיט ליכט פון אלע זייטען
ס'האט מיין האפנונג אויפגעטאגט.
וויפיעל וועהטאגען פערגלעטע
וויפיעל טרוימען אויסגעשפעטע
הארץ־פערלאנגען היים בעגעהרטע
פון דעם לעבען וויסט צושטערטע
זענען אין מיין הארץ פערבארגען.
דאך פון נייע לעבענס קלאנגען
שפין איך ווידער הארץ פערלאנגען
נאך פון קיינעם ניט געשטרעבטע
ליעב און צערטליך אויסגעוועבטע
פון א קלארען זונען מארגען.

וויפיעל גליקען אויסגעטראכטע
וויפיעל האפנונג אויסגעלאכטע

יאהרען, בלויז אין לייד־פערבראכטע
האט מיין לעבען דאס פערשמאכטע
זיך אין אומעטס פיין געשטיקט
דאך די פרישע לעבענס־קוואלען
און די העלע זונען שטראהלען
טרייסט און גליק פון יוגענד ברוסטען
ליעבעס פרייד, און לעבענס לוסטען
האבען ס׳הארץ מיינס פריש דערקוויקט
וויפיעל תפלות ניט דערהערטע,
וויפיעל פריידען ניט בעשערטע,
געטער פאלשע אויסגעטראכטע
בעטעל־גלויבענס פון פערשמאכטע
כ׳האב בעשאפען זיך אין לעבען.
דאך א גלויבען ליעב און טייער
פון דעם העלען פרייהייטס פייער
אין א גאט אין אמת טרייען
פון געדאנק דעם ליכטיג פרייען
האט די פרייהייט מיר געגעבען.

## אין פאבריק.

מאטע שויבען, דיק פערשטויבטע,
דונקעל, דושנע אין פאבריק,
אויפ'ן הארצען פאלט דער חושך
און בעטריבט דעם מיעדען בליק.

שפרייט זיך אוים א שווערער אומעט
הילט אין טרויער אלעס איין.
הויבט יעדווידער אויף די אויגען
זוכען וואו א ביסעל שיין.

גיט א בליץ אין מאטען־נעבעל
פון א ווינקעל העלע ליכט,
ווערען גרוים די פייכטע אויגען,
און מיט וואונדער דאס געזיכט.

יעדער הויבט דעם קאפ אויף העכער
ווארפט אין ווינקעל צו א בליק, —
בענשטט די טיעפע שטראהלען־אויגען
פון א מיידעל אין פאבריק.

## לעבענס־וועה.

א.

א גאנצען טאג פון פריה ביז נאכט
זיצען מיר פערשמאכטע.
די ליפען בלוי, דאס פנים בלייך,
און זארגען טיעף פערטראכטע.

די קעפ געבויגען מיעדעריהייט,
די הערצער וועה בעשווערטע,
די אויגען מאט פערלאשענע,
פון ליידען טריב פערטרערהרטע.

און קומט פארנאכט די זון צוגעהן
פאר אוועגד־רוה אנזאגען,
געהען מיר א חיים פערמאטערט
דאס מזל צו בעקלאגען.

ב.

שטיל אין שטוב, די לאמפ ברענט דונקעל,
ס'וייב פערשמאכט איז אויסגעצערט,
איינגעשלאפען ס'קינד אין וויגעלס
זיצט די מאמע, שטיל, פערקלערט. —

ס'קינד איז בלייך, דער מאן פערדינגען
שווער ס'עלענד צו פערטראגען,

איינגעהילט די נעכט אין ליידען
קומט די זארג אַן מיט'ן טאָגען.

איז מיר שווער אַזוי צו לעבען —
אין עלענד, נויטה, אין זארגען.
אין בעטען נאָר עס זאָל ווי היינט
ניט ערגער זיין דער מאָרגען.

ג.

ביים טיש דאָס ווייב, דער מאן און ס'קינד
פערברענגען ליעב צוזאמען.
עס קושט דאָס קינד דעם מיעדען טאטען
און האלט זיך אַן דער מאמען.

און העלער ברענט פון לאמפּ דער פלאם,
הויבט ס'קינד פאר פרייד אַן שפּרינגען.
נאָר באלד האָט זיך אין שטילקייט - וואו
א זייגער רעש צוקלינגען.

איז באלד דער טאטע בלייך געוואָרען
מיט שרעק באטראכט דער מאמען.
און שלאָפען זיך געלעגט פערזארגט
אין שאף ניט צו פערזאמען.

פיערטע אבטהיילונג.

# צייט ליעדער.

## די מאַמעס וועה.

גענומען מיר מיין שעהנעם זוהן
אין שלאַכט אוועק געפיהרט —
ווייל ס'וויל א הערשער נאָך א לאנד
זאָל זיין פון איהם רעגיערט.

און קיינעם, אוי, געהאַרט האָט ניט
די מאַמעס וועה און ווינד
און איך האָב שטיל אין הארץ בעקלאָגט
די יוגענד פון מיין קינד.

און ערגעץ ווייט, אין וויסטען פעלד
אין הונגער, עלענד, נויט
געהאָלפען האָט מיין אייגציג קינד
צו ברענגען מענשען'ס טויט.

און בלוט פערגאָסען, מענשען בלוט,
האָט ער אין ווילדען שלאַכט
אוי וועה, פאר וואָס, מיין הארציג קינד
פאר מערדער האָט געמאכט ?

ס'איז יונג געווען מיין זוהן און שעהן
דער מאמעס גליק געוועבט,
מיט האפנונגספולע טרוימען מיר
האט ער מיין הארץ בעלעבט.

און ליכטיג, העל, פון האפנונג פרייד,
א צוקונפט אויסגעשפינט
האב איך אין הארצען טיעף פאר איהם —
פאר איהם מיין איינציג קינד.

און ער בעשיינט האט מיר מיין הויז —
געווען מיין טרייסט און גליק,
ביז ס'האט א ווילדער הערשער איהם
אוועקגעשיקט אין קריעג.

בין איך א צינד דא עלענד, וויסט, —
מיין קינד אין ווילדען שלאכט,
אוי, ווער, פאר וואס, פאר מערדער האט
מיין איינציג קינד געמאכט?

## א גרוס פון דער היים, (פון א בריעף).

זוהן מיין ליעבער, הארציג קינד מיינס,
ס'האט אז אונגליק אונז געטראפען,
פאר די שווערסטע זינד אין לעבען
קען מען הארבער ניט בעשטראפען.

ס'איז געוועזן א שבת מיטאג
כ'האב א תחנה שטיל געלעזען,
און דער טאטע אין בית מדרש
ביי דעם דאווענען איז געוועזען.

האט זיך פלוצים א יללה
אין די הייזער ראש צוטראגען
מיט א בשרה, אז דער קייזער
געהט מיט דייטש מלחמה שלאגען.

האט מען טאטעס, זיהן און איידעמס
אין דער שלאכט אוועקגענומען.
און אין שטעדטעל זיינען דייטשען
באלד פון גרענעץ אנגעקומען...

האבען זיי אין אלע גאסען
רויטע קווייטעס אויסגעהאנגען,
אז עס וועט פון היינט און ווייטער
אונזער שטאדט צום דייטש בעלאנגען.

און בעשריבען האָבען זיי דאָרט
וואָס זיי לאָזען און פערוועהרען
און דערשאָסען פאר א ווארנונג
אונזער רב ר' משה בערען.

און נאָכדעם געהייסען אלע
אין די הייזער רוהיג שוויינען —
ס'זאָל ביינאכט ניט קיינער וואגען,
אין די גאסען זיך צו צייגען.

זיינען מיר געזעסען טרויריג
אויסגעהערט דאָס ביקסען־קנאַלען
און בעוויינט מיט הייסע טרעהרען
די וואָס זיינען טויט געפאלען.

און אין לופט די גסיסה־זיפצען
האָבען הימלען דורכגעשפאלטען
און פערצווייפעלט, האַלב שוין טויטע
האָבען מענשען זיך געשאָלטען...

און ווען אלץ איז וויסט געוואָרען
חורבות בלויז נאָר איז פערבליבען —
האָט דער רוס פון אונזער שטעדטעל
צוריק דעם דייטש ארויסגעטריבען.

פרעג שוין, קינד ניט, וואס ס'איז נאכדעם
דא אין שטעדטעל פארגעקומען,
ווען עס האבען צ'ריק די רוסען
אונזער שטעדטעל איינגענומען.

ס'האט זיך באלד א ווילדער יאמער
פון די הערצער אויסגעגאסען:
זעלנער האבען אלטע מאמעס
מיט די קינדער טויט־דערשאסען;

און ווי רוצחים מיידלאך יונגע
זיי געשענדעט און געמאטערט. —
און די לעצטע חורבה הייזלעך
דורך א פייער־פלאם געפלאטערט...

און ווען אלע פיינונגס־מיטלען
זיינען זיי שוין אויסגעגאנגען,
האט מען אידען פיעל אויף תליות
פאר א שפאס דאן אויפגעהאנגען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

יא, מיין קינד, ס'איז גרויס דער אומגליק,
כ'קען אזוי פיעל דיר ניט שרייבען, —
כ'טרייסט מיך נור, וואס דו, מיין קינד, האטש
וועסט מיר לעבעדיג פערבלייבען.

## אויפ׳ן צער פון מיין פאָלק.

ניט קיין זאק מיט אש האָב איך דאן אויף מיין מיעדען קאָפּ געלעגט
און ניט קיין טרויער־ איכה ליעד, מיט וועה און פיין געקלאָגט,
כ׳האָב שטילערהייד אין ווינקעל שטוב, בלאסערהייט
געקאָרטשעט זיך
געוואָרט צי ס׳וועט די זון, אויך היינט, אָנזאָגען, אז עס טאָגט.

כ׳האָב שטאר געקוקט אין הימעל טיעף, דורך מאַטע פענסטער־
שויבען,
ס׳ליכט פון טאָג געוואָלט דערזעהן, צי ס׳וועט זיך ניט פערשעמען
ווען איך וועל פרעגען שאַרף מיט שפּאָט, ביי גאָט דעם
אויסדערוועהלטען
ס׳ליכט פון טאָג דאָס בלענדענדע, היינט לייכטען וועט פאר וועמען?

און איינגעקריצט די ציין אין פלייש, געלאסען, איינגעהאַלטען,
מיט פייער אין די אויגען, ראַש, דאָס פענסטער אויפגעמאכט,
און קראַמפּהאַפט מיינע פינגער פעסט אין פויסט צונויפגעבראַכען
און שטארק דעם טאָג דעם נייעם, מיט שפּאָט און עקעל,
אויסגעלאַכט.
און צ׳ריק אין ווינקעל זיך געזעצט, די ליפּען טיעף פערביסען,
די בליקען בלוט פערלאָפען, א בלאסער שטיל געשוויגען
און שווייגענד, מיט פעראכטונג בלויז, און פול מיט האס און עקעל,
דעם גאָט פון אלע וועלטען, פערשאָלטען, און בעשפּיגען.

***